אידיש-סאָציאַליסטישע ביבליאָטעק.

№ 16.

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער,
פאַראייניגט זיך!

# די רעדע פונ'ם חבר לענין אויף דער פלענאַר-זיצונג

## פונ'ם צענטראַלן

## אויספירונגס-קאָמיטעט דעם 27 יולי.

מיט אַ קורצער ביאָגראַפיע און בילד.

---

פ אַ ר ל אַ ג:
קולטור און בילדונגס-אָפטיילונג
ביים קאָמיסאַריאַט פאַר אידישע ענינים.

---

פעטראָגראַד,
דרוקעריי „סאָגבלאַס“ איזמאַילאָווסקי פּר. 18

1918

PRINTED in U.S.S.R.

# וו. א. אוליאַנאָוו (נ. לענין).

דער נאָמען פונ'ם חבר לענין איז באוואוסט געוואָרן לחלוטין אין דער גאנצער וועלט. איינע ריידן וועגן אים מיט אַ ווילדן כעס, אנדערע מיט דער גרעסטער ליבע און צוטרוי, אָבער ס'זיינען כמעט ניטאָ קיין גלייכגילטיגע צו אים.

עס איז גאַנץ פארשטענדליך דאריבער דער פארלאנג פון אַלע חברים באקענען זיך מיט דעם לעבן און טעטיקייט פונ'ם חבר לענין, דעם אָנפירער פון דער גרעסטער רעוואָליוציע אין דער פעלקער־געשיכטע.

## זייַן אָפּשטאַמונג.

וולאדימיר אילאיטש אוליאנאָוו (נ. לענין) איז געבאָרן געוואָרן אין סימבירסק דעם 10־טן אפּרעל 1870־טן יאָר. זיין פאָטער, געבאָרן אַ פּויער, האָט פארנומען די שטעלע פון אַ דירעקטאָר פון די פאָלק'ס־שולן און אַלע לערער פון די שטאָט־און דאָרפ'ס־שולן פון זיין קרייז האָבן אים זעהר ליב געהאַט.

וולאדימיר אילאיטש האָט געלערנט זעהר גוט און האָט נאָך אין גימנאזיע אויסגעצייכנט זיך מיט זיינע שריפטליכע ארבעט. די לערער האָבן נביאות געזאָגט, אַז ער וועט זיין אַ באוואוסטער שרייבער.

אין 1887־טן יאָר, בשעת וול. א. איז געווען אין לעצטן קלאַס פון גימנאַזיע, האָט מען אין פּעטערבורג אויפגעהאַנגען זיין עלטערן ברודער אַלעקסאַנדר איליאיטש אוליאַנאָוו פאַר אַן־אַטענטאַט אויפ׳ן קסר אַלעקסאַנדר דעם דריטן. דער טויט־שטראָף האָט געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק אויף וול. א. און אויף אַלע מיטגלידער פון דעם הויזגעזינד און איז געווען ווי א בלוטיגע קריייצונג אויף רעוואָליוציאָנערע טעטיגקייט.

## סטודענטן־יאָרן.

נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע איז וול. א. אַנגעקומען אויפ׳ן יורידישן פאַקולטעט אין קאַזאַנער אוניווערזיטעט. די אוניווערזיטעט׳ן פון די הויפּט־שטעט זיינען פאַר אים געווען געשלאָסן אלס פאַר א ברודער פון א טעראָריסט. אָבער א סטודענט איז ער געווען א קורצע צייט: אין א חודש ארום האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון אוניווערזיטעט פאַר׳ן אָנטייל נעמען אין דער רעוואָלוציאָנערער סטודענטן־באַוועגונג, און ערשט אין פיר יאָר ארום האָט ער באַקומען די מעגליכקייט אָפּצוגעבן עקזאַמען. די פיר יאָר זיינען פאַר אים ניט געגאַנגען פאַרלאָרן, א דאַנק זיין אייזערנעם ווילן און אַרבעט׳ס־פעהיקייט האָט ער אפולע געהאָרעוועט אויף זיין זעלבסט־בילדונג, גרייטנדיק זיך צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, וועלכע איז געוואָרן אין גיכן דער ציל פון זיין גאַנצן לעבן. שוין דאַן איז ער אריין אין פאַרבינדונגען מיט דער דעמאָלטיקער רעוואָלוציאָנערער יוגענט.

## רעוואָליוציאָנערע טעטיקייט.

באלד נאָכ'ן ענדיקן דעם אוניווערזיטעט איז וו. א. אריבערגעפאָרן קיין פעטערבורג און פון דעמאָלט אָן גיט ער זיך איינגאנצן אָפּ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעט. אין פעטערבורג האָט זיך דעמאָלט געבילדעט „א פארבאנד צו באפרייען דעם ארבעטער־קלאס", וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער ארבעטער־באוועגונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן. דער פארבאנד האָט זיך פארנומען מיט אַגיטאציע און פראָפּאגאַנדע.

די מיטגלידער זיינע האָט מען אין גיכן ארעסטירט און נאָכדעם ווי זיי זיינען אָפּגעזעסן איבער א יאָר אין געפענגניש האָט מען זיי פארשיקט קיין סיביר. וול. א. איז אָפּגעווען אין סיביר 3 יאָר און האָט אָנגעשריבן דאָרטן איינינע ווערק איבער עקאָנאָמישע פראגן. די גרעסטע פון זיי איז דאָס בוך „די אנטוויקלונג פונ'ם קאפּיטאליזם אין רוסלאנד" און איינינע אומלעגאלע בראָשיורן.

## די אויסלענדישע אַרבעט פון „איסקראַ".

קומענדיק פון סיביר איז לענין אוועקגעפאָרן קיין אויסלאנד; דאָרטן האָט ער איינאיינעם מיט מארטאָוו'ן, פּאָטרעסאָוו'ן און די מיטגלידער פון דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" געגרינדעט אין 1900־טן יאָר די צייטונג „איסקרא".

„איסקרא" האָט געהאט די אויפגאבע צו צוגרייטן די אידעען־פאראייניגונג פון דער ריוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראטיע און אָנפירן מיטן

קאמף פונ׳ם ארבּעטער־קלאַס און זיין פּאַרטיי. און „איסקרא״ האָט פּאָלשטענדיק אויסגעפילט די דאָזיקע ארבּעט. קיין איין ציטונג האָט ניט געשפּילט אזא ראָל אין אונזער רעוואָלוציאָנערן קאמף ווי „איסקרא״, וועלכע מ׳פלעגט גע׳גנב׳עט דורכפירן קיין רוסלאנד און פארשפּרייטן צווישן די ארבּעטער. די דינע בלעטלאך פון דער באַליבּ־טער ארבּעטער־צייטונג פלעגט מען לייענען ביז זיי פלעגן ווערן אינגאנצן אין לעכער. פון דעמאָלט אָן איז דער צענטער פון דער פּאַרטיי־ארבּעט גע־ווען אין אויסלאנד. דאָרטן פלעגט מען ארויסגעבּן אומלעגאַלע ליטעראַטור, דאָרטן פלעגט מען צו־נויפרופן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענציעס און באַראַטונגן. פון דאָרטן פלעגן אַרויסגעהן אַלע פּאַר־טיי־דירעקטיוון. די גאַנצע צייט איז וו. א. געוועזן אין מיטל־פּונקט פון דער ארבּעט. זיינע אלע גע־דאַנקען, זיין גאַנץ לעבּן האָט געהערט דער פּאַרטיי און דער רעוואליוציאָנערער טעטיגקייט מענשן, וועל־כע האָבּן אים נאָהנט געקענט, פלעגן זיך אלע מאָל וואונדערן, ווי ווייניק צייט ער גיט אָפּ זיינע פּער־זענליכע באדערפנישן, מיט וואָס פאר אנ׳עקשנות און ענערגיע ער ארבּעט.

## די ערשטע רעוואָלוציע.

אין 1905 יאָר קערט זיך וו. א. אום אויף א קורצע צייט קיין רוסלאַנד. אָבּער וואוינען לעגאַל אין פּעטערבּורג האָט זיך אים איינגעגעבּן נור איין טאָג, און נאָכדעם האָט ער שוין געמוזט באַהאלטן זיך און לעבּן אומלעגאַל פריהער אין פּעטערבּורג, נאָכ־

דעם אין פינלאנד. איבער דער קאָנטער־רעוואָליוציע, וועלכע האָט צו יענער צייט געזיגט, האָט ער גע־מוזט ווידער אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד, דערביי האָט זיך אים קוים איינגעגעבן אָפּצונארן די צארישע שפּיאָנען און אויסמיידן זייערע הענט.

## ווידער אין אויסלאַנד.

און עס הויבן זיך ווידער אָן פאר אים לאנגע יאָרן פון נע ונד זיין, פון נויט און נערוון־אָנ־שטרענגונג אין דער שרעקליכער אטמאָספער, אין וועלכער עס לעבט אנ'עמיגראנט, וואָס איז אָפּגע־ריסן פון זיין פאָלק. און ניט קוקנדיק אויף אזא לעבן גיט ער זיך ווידער אָפּ איננאנצן דער ארבעט פאר דעם גרויסן אידעאל פון דער באפרייאונג פון אלע ארבעטענדע.

וו. א. האָט אָנגעשריבן זעהר פיל בראָשורן און ארטיקלן אין פארשידענע לעגאלע און אומלעגאלע צייטונגן און זשורנאלן. די גרעסטע טייל איז גע־ווען געדרוקט אָן דעם נאָמען פונ'ם מחבר אָדער מיט אויסגעקלערטע נעמען: טולין, וו. אילאין און אנד. עס איז דעמאָלט געווען א צייט, ווען די רע־וואָליוציאָנערע פרעסע האָט מען שרעקליך פאר־פאָלגט, און דער נאָמען אליין פונ'ם מחבר, א באַ־וואוסטן רעוואָלוציאָנער, וואָלט געקאָנט ארויסרופן א שווערע שטראָף אויף דער צייטונג.

די פּארטיי־טוער פון יענער צייט האָבן גע־קענט וו. א. אונטער דעם צונאָמען „לענין" און דער צונאָמען (פסעוודאָנים) איז געבליבן ביי אים ביז צום היינטיגן טאָג.

אין 1912־טן יאָר איז וו. א. אַריבערגעפאָרן קיין קראקוי, כדי צו זיין נאָהענטער צו רוסלאנד און האָבן די מעגליכקייט מיטצואַרבעטן אין דער צייטונג „דער אמת" וואָס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן.

## לעני׳נס אָנשויאונגען.

לויט זיינע אנשויאונגען איז לעני׳ן אַלע מאָל געוועזן א שטריינג־אויסגעהאַלטענער קאָנסעקווענטער מארקסיסט, האָט שטענדיק געקעמפט מיט אַלע אָפּנייגונגען פונ׳ם שטריינג מארקסיסטיש־רעוואָלוציאָנערן וועג, מיט אַלע פּרובן איינצוגעהן אויף אַוועלכן עס איז אָפּמאַך מיט דער בּורזשואַזיע. זיינע עקסטרעמע „פּארשארפטע" קאַמפּס־לאָזונגען פלעגן אַלע מאָל אַרויסווייזן זיך פאַר ריכטיק און פלעגן דאַריבער פאַראייניגן ארום זיך אַלץ גרעסערע און ברייטערע אַרבעטער־שיכטן. די לאָזונגען האָבן אויך געזיגט אין דער רעוואָליוציע פון 1917־טן יאָר.

## ענדליך אין רוסלאַנד.

גלייך נאָך דער ערשטער ידיעה וועגן דעם נצחון פון די פּעטערבורגער אַרבעטער האָט וו. א. גענומען רייסן זיך קיין רוסלאַנד כדי צו נעמען א מער אַקטיוון אָנטייל אין די געשעהנישן, כדי צו האָבן די מעגליכקייט אָנצופירן מיט זיי.

און אין דעם ערשטן טאָג פון זיין קומען קיין רוסלאַנד, אין דער רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטן אויף דער פייערליכער זיצונג פונ׳ם פּעטערבורגער קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי,

האָט זיך דערפילט, אז עס איז געקומען אַנ׳־אמת׳ער אָנפירער פון די ארבעטער־מאסן, וועלכער וועט ניט אוועקלעגן דאָס וואפן, וועט ניט באַגני־גען זיך מיט האלבע מיטלן, וועלכער וועט, ניט אָפּטרעטנדיק אָן א זייט, געהן ביז צו אַ פולן נצחון פונ׳ם ארבעטער־קלאַס. די רעדע האָט אָנגעמערקט נייע ברייטע אויפגאבן, אין איר איז צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן דער לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די ראַטן״.

## לענינ׳ס שונאים.

אַ מורא׳דיקער טומל און ליארם האָט זיך אויפ־געהויבן אין די רייען פון די בורזשויעס און „אָפּ־מאַכערס״, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין דער מערהייט.

די „אָפּמאַכער׳ס (די מענשעוויקעס און עס־ער׳ן) האָבן זיך געסטאַרעט איינצורעדן די פאָלקס מאַסן, אז לענינ׳ס הנחות זיינען ניט ערנסט, אַז די רעוואָלוציע קאָן ניט ברענגען צו א זיג איבער דער בורזשואַזיע, בקצור, אַז עס איז געקומען אַ מענש, וואָס פאַרשטייט ניט דאָס לעבן און זיינע רייד וועגן דער מאַכט פון די ראַטן זיינען נור רייד פון אַ מאַניאַק.

איצט האָט דאָס לעבן באַוויזן, ווער עס איז געוועכט געווען.

און די בורזשואַזע צייטונגען? זיי האָבן באַלד און גאַנץ ריכטיג דערשמעקט, אַז זיי האָבן דאַ צו טאָן מיט זייער ערגסטן און פאַרביסענסטן שונא. אַרום לענינ׳ס נאָמען האָט זיך ווי אַ שטורם־ווינד

גענומען דרעהן די אונפערשעמטעסטע רכילות און לינן. קיין אנדער וואפן האבן זיי ניט געהאט. מ'האט אים באשולדיקט אין דעם, אז ער האט זיך פארקויפט די דייטשן, אז ער באקומט געלט פון זיי א. א. וו. וואס האט מען ניט אויסגעקלערט אויף אים, וויפיל שמוץ האט מען אויף אים גע־ווארפן? און דאס האבן געטאן די, וועלכע ווארטן איצט אפן אויף הילף פון דייטשלאנד כדי צו דער־שטיקן די רעוואלוציע.

דער לעזער געדענקט, ווי די דעמאלטיגע הערר־שער, די מענשעוויקעס און עס־ער'ן, האבן, לויט דער פאדערונג פון דער בורזשואזיע, אנגעהויבן כאפן און אריינזעצן אין די טורמעס די אנגעזעהנטס־טע אנפירער פונ'ם ארבעטער־קלאס די באלשעוויקעס — טראצקי'ן, לונאטשארסקי'ן, קאמענעוו'ן, ראס־קאלניקאוו'ן און אנדערע. מ'האט אויך ארויסגע־געבן א באפעל צו ארעסטירן דעם חבר לענין. נור די פעטערבורגער ארבעטער האבן גענומען אויף זיך אפצוהיטן זייער פירער און קערענסקי'ן האט זיך ניט איינגעגעבן אים צו כאפן, ניט קוקנדיק אויף די גאנצע מיה און ארבעט פון דער קאנטר־ראז־ווערקע. און לענין איז געווען אט דא נאהנט און יעדער טריט פונ'ם רעוואליוציאנערן פראלעטאר־יאט פלעגט באהאנדלט ווערן צוזאמען מיט אים.

די אקטיאבר־רעוואליוציע האט פארניכטעט די מאכט פון דער בורזשואזיע און אירע קנעכט. די מאכט האט גענומען אין זיינע הענט דער פראלע־טאריאט און זיין אמת'ער חבר, דאס ארמע פויר־

ערטום. און אז מ׳האָט געדאַרפט צונויפשטעלן דעם צעטל פון די מיטגלידער פון דער אַרבעטער און פויערים־רעגירונג, איז דער ערשטער, וועלכן אַלע האָבן אַרויסגעזאָגט זייער צוטרוי, געווען וולאַדימיר אילאיטש אוליאַנאָוו—לענין. דאָס לעבן אַליין האָט באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון זיינע געדאַנקען. דאָס לעבן האָט אַוועקגעשטעלט וו. א., וואָס האָט שטענדיק געמוזט אָפּריכטן גלות, שטענדיק געמוזט באַהאַלטן זיך, אויפ׳ן ערשטן אָבער פאַראַנטוואָרטליכסטן פּאָסטן בּאַ אונגעהויער שווערע באַדינגונגען—אויפ׳ן פּאָסטן פונ׳ם פאָר־זיצער פונ׳ם ראַט פון די פאָלק׳ס־קאָמיסאַרן.

אָט דאָס איז דער גורל פון דיזן מענשן.

ער איז שטענדיק, ניט אָפּקערנדיק אָן אַ זייט, געגאַנגען צו דעם ציל, וואָס ער האָט זיך אָנגע־מערקט, ניט צוהערנדיק זיך צו דעם, וואָס עס רעדן וועגן אים זיינע פיינט. אים איז גענוג געווען דאָס באַוואוסטזיין, אַז ער איז גערעכט.

פיינט האָט ער אָפּולע. נור ווי טיף עס איז די שנאה צו אים פון דער בורזשואַזיע, אַזוי טיף איז די ליבע און אַכטונג פון די אַרבעטער און פויערים, פון די אַלע אָרעמע, פאַר וועמענס באַפרייאונג פונ׳ם קאַפּיטאַליסטישן יאָך ער האָט אָפּגעגעבן און גיט אָפּ אַלע זיינע כחות.

# די רעדע פונ׳ם חבר לענין אויף דער פלענאַר-זיצונג פונ׳ם צענ-טראַל׳ן אויספירונגס-קאָמיטעט דעם 27-טן יולי.

חברים! די טעזיסן פונ׳ם דאָזיקן רעפעראַט מיינעם האָב איך שוין איבערגעגעבן אין אַ צייטונגס־אַרטיקל וועגן די אויפגאַבן פון דער ראַטן־מאַכט, וואָס שטעהן אויפ׳ן סדר היום. דער אַר־טיקל איז געווען זונטאָג אין דער פּרעסע און איך ערלויב מיר צו מיינען, אַז די גרעסטע טייל פון די, וואָס זיינען דאָ, זיינען מיט אים באַקאַנט, דערפאַר דאַרף איך איצט ניט איבערחזרן עס. איך וועל מיך באַגרענצן נור מיט הוספות און ערקלערונגען צום רעפעראַט אין דער פאָרם פון פּאָלעמיק, ווייל די פראַגע, וועלכע איך האָב באַ־רירט אין די טעזיסן וועגן די אויפגאַבן, וועלכע שטעהן איצט אויפ׳ן סדר היום, איז נור אַ וויי־טערע אַנטוויקלונג פון דער רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם אויסערגעוועגליכן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן דעם 16־טן מאַרט. די רעזאָליוציע האָט זיך ניט באַגרענצט נור מיט דער פראַגע וועגן שלום, וועלכע איז געווען דאַן אַקטועל, נור האָט אָנגעמערקט אויך די וויכטיקסטע אויפגאַבע פונ׳ם מאָמענט, אַנ׳אָרגאַניזאַציאָנס־אויפגאַבע, די אויפגאַבע פון זעלבסט־דיסציפּלין און קאַמף מיט דער דעזאָרגאַ־ניזאַציע.

אין דער פראגע האבן זיך פאר דער לעצטער צייט ארויסגעוויזן גאנץ קלאר און בולט די וויכטיקסטע פאליטישע שטרעמונגען וואס הערשן בא אונז, און דאריבער קאן מען, מיין איך, אין א פאלעמישער פארם גאנץ קלאר באגרינדן דאס אלץ, וואס איך האב מיר געסטארעט אין א פאזיטיווער פארם באגרינדן אין דעם ארטיקל וועגן אונזערע איצטיקע אויפגאבן.

חברים! כדי מיר זאלן ניט האבן קיין טעות אין דער אפשאצונג, לאמיר א קוק טאן אויף אלע פאליטישע שטרעמונגען אין גאנצן, ווייל נור בא דער באדינגונג קאנען מיר זיין געזיכערט פון פעלערן ביים נעמען איינציקע ביישפילן. עס פארשטייט זיך, אז מ׳קאן געפינען ביישפילן אויף צו באשטעטיקן וועלכע איר ווילט הנחות. אבער נור בא דער באדינגונג קאנען מיר פרובן אויפקלערן דעם צוזאמענהאנג צווישן דעם גורל פון די פאליטישע שטרעמונגען אין לאנד און דעם גורל פון די קלאסן־אינטערעסן, וועלכע ווייזן זיך שטענדיק ארוים אין ערנסטע און גרויסע פאליטישע שטרעמונגען, אויב מיר וועלן פאנאנדערקלייבן די אלע שטרעמונגען אין גאנצן, אין זייער גאנצער גרויס.

אז מיר גיבן א קוק אויף די וויכטיקסטע פאליטישע שטרעמונגען אין רוסלאנד זעהן מיר, אז זיי טיילן זיך קלאר און אן קיין שום ספק אויף דריי גרויסע גרופן. אין דער ערשטער גרופע האבן מיר די גאנצע בורזשואזיע, וועלכע שטעהט פעסט און אין געשלאסענע רייען אין אפאזיציע צו

דער ראַטן־מאַכט. דעם אמת זאָגענדיק, קאָן מען דאָס וואָרט „אָפּאָזיציע" אין דעם פאַל נעמען נור אין גענזן־פיסלאַך. ווײַלע אויף אַנ'אמת'ן האָבן מיר דאָ אַ מורא'דיקן קאַמף, וועלכער האָט צוגע־צויגן אויף דער זײַט פון דער בורזשואַזיע די אַלע קליין־בירגערליכע פּאַרטייען, וואָס זײַנען געווען אין אַנ'אָפּמאַך מיט קערענסקי'ן די גאַנצע צײַט פון דער רעוואָלוציע. די מענשעוויקעס, נאָוואָ־זשיזנעצעס און רעכטע עס־ערן האָבן אַריבערגע־שטײַגט די בורזשואַזיע אין זייערע אָנפאַלן אויף אונז. עס איז אָבער באַוואוסט, אַז אָפט איז דער ווילדעסטער אָנפאַלן און דער העכסטער בילן נור אַ באַווײַז פון שוואַכקייט פון דעם פּאָליטישן עלעמענט, וועלכער פּראַקטיקירט עס.

די גאַנצע בורזשואַזיע מיט אַלע אירע מיט־העלפער'ס און קנעכט פון טשערנאָוו'ס און צערע־טעלי'ס חדר האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין כאָר אין זייערע ווילדע אָנפאַלן אויף די ראַטן־מאַכט; זיי געפעלט אַלעמען זייער שטאַרק די אַנגענעהמע פּערספּעקטיוו, וועלכע עס פירן שוין דורך אויף אוקראַינע זייערע פרײַנד און פּאָליטישע חברים: שליסן אַזאַ שלום, וועלכער וואָלט זיי געגעבן די מעגליכקייט מיט דער הילף פון'ם דײַטשן שטיק און פון דער רוסלענדישער בורזשו־אַזיע דערשטיקן די ווירקונג פון די באָלשעוויקעס. דאָס איז זייער גוט באַוואוסט. אַ בײַשפּיל פון אַזאַ פרײַנט האָבן מיר אויף קאַווקאַז אין דער פּערזאָן פון טשכענקעלי.

נאָר דאָס איז פאַרשטענדליך. עס איז קלאָר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט גענומען די מאַכט אין זיינע הענט און האָט גענומען פאַרווירקליכן די דיקטאַטור פון די אַרבעטענדע קעגן די אונטערדריקער און עקספּלואַטאַטאָרן, האָט ניט געקאָנט ערוואַרטן קיין אַנדער זאַך. דאָ האָבן מיר איין פּלאַן, איינעם אַ שטאַרקן פראָנט. און אַז מ'טראָגט אונז אונטער חלומות וועגן „אַנ'איינהייטליכן דעמאָקראַטישן פראָנט" איז אין די מינוטן, ווען דו האָסט דאָס פאַרגניגן צו לייענען אַזעלכע בלעטער ווי „נאַש וועק", „דעלאָ נאַראָדא" און אַנד., דורכקוקענדיג זיי אפילו נור אין דער גיך, קלער איך אַלע מאָל: וואָס דאַרפט איר נאָך האָבן צו „אַנ'איינהייטליכן דעמאָקראַטישן פראָנט"? איר האָט דאָ אַנ'אמת'ע איינהייט און דאָס קאָן אונז נור פרייען, ווייל די איינהייט פונ'ם פראָנט פון מיליוקאָוו'ן ביז מאַרטאָוו'ן האָט פאַרדינט מיר זאָלן אים צום 1־טן מאַי אונטערטראָגן אַ דאַנק־בריף פאַר די בעסטע אַגיטאַציע פאַר די באָלשעוויקעס.

איצט, חברים, אַז איר וועט נעמען דעם צווייטן געגענזעצליכן לאַגער וועט איר דאָרט געפינען נור אונזער פאַרטיי, די פאַרטיי פון די קאָמוניסטן־באָלשעוויקעס. די געשעהנישן האָבן זיך אַזוי ענטוויקלט, אַז אונזערע פאַרבינדעטע אין דעם גאַנצן משך כמעט פון נאָכ'ן אָקטאָבער־פּעריאָד, די לינקע עס־ער'ן, נעמען איצט פאָרמעל קיין אָנטייל ניט אין דער מאַכט. זייער

לעצטער צוזאמענפאר האט קלארער ווי ווען עס איז פריהער ארויסגעוויזן זייער וואקעלדיקע פאזיציע און אומבאהאלפענקייט, וועלכע הערשט אין דער פארטיי.

ווען איר וואלט וועלן דורכפירן א ליניע, וועלכע זאל באווייזן,—געוואוינליך ביז דער צושפאלטונג פון די עס־ער אויף א רעכטן און לינקן פליגל—פון פעברואל 1917־טן יאר אן א חודש נאך א חודש אויף וועמענ'ס זייט האט זיך געשטעלט די פארטיי,—אויף די זייט פונ'ם פראלעטאריאט אדער פון דער בורזשואזיע,—וואלט איר באקומען די געשיכטע פון א קרענק, וועלכע ווערט דא שוואכער דא שטארקער, און וואלט געמוזט זאגן: ביי דעם קראנקן האלט זיך פעסט די קדחת.

אויף אנ'אמת, עס איז כמעט ניטא נאך א פארטיי, וועלכע האט אין דער צייט פון דער רעוואליוציע דורכגעמאכט אזעלכע טיפע און ראדיקאלע ענדערונגען אי אין דער פראגראם אי אין דער טאקטיק.

אז מיר וועלן א קוק טאן אויף די דריי הויפטשטרעמונגען, וועט פאר אונז קלאר ווערן, אז דאס זיינען ניט קיין צופעליגע גרופירונגען, אז דאס באשטעטיקט אין גאנצן דאס, אויף וואס מיר, באלשעוויקעס, פלעגן אנווייזן נאך אין 1915־טן יאר אין אויסלאנד, בשעת עס האבן אנגעהויבן אנצוקומען די ערשטע ידיעות וועגן דעם, אז די רעוואליוציע אין רוסלאנד וואקסט און איז אומ־

פארמיידליך. מ'פלעגט אונז דעמאָלט שטעלן די פראַגע, אין וואָס פאר א לאַגע וועט זיין אונזער פּארטיי אויב נאָך בשעת דער מלחמה וועט אונז אויסקומען נעמען די מאכט. און מיר פלעגן דאן זאָגן: עס קאָן זיין, אז די רעוואָליוציע וועט אָפּהאַלטן א פאָלשטענדיקן נצחון, אויב אין די וויכטיקסטע מאָמענטן און די וויכטיקסטע פונקטן וועלן די אָנפירענדע עלעמענטן פון דער קליין־בורזשואזיע אריבערגעהן אויף די זייט פונ'ם פּראָלעטאריאט. און אזוי איז טאקע געוועזן, אזוי האָט זיך אנטוויקלט און אנטוויקלט זיך איצט די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

ניט קוקנדיק אויף די וואַקעלדיקע פּאָזיציע פון די קליין־בורזשואזע עלעמענטן האָבן מיר נאָך קיין שום גרונד ניט אריינצופאלן אין יאוש אָדער פעסימיזם. עס פארשטייט זיך, אז א רעוואָליוציע אין א לאנד, וועלכע האָט פריהער פון אַנדערע געענדיקט די אימפעריאליסטישע וועלט־מלחמה, אין א לאנד, וועלכע די געשעהנישן האָבן ארויסגערוקט אויף דער אוואנסצענע פון דער וועלט־געשיכטע—אויף א קורצע צייט אדאנק איר אָפּגעשטאנענקייט—אין אזא לאנד מוז די רעוואָליוציע איבערלעבן זייער שווערע, קריטישע, עס קאָן זיין, אפילו האָפנונג'סלאָזע מאָמענטן. און עס וואָלט געוועזן אומנאטירליך אויב אין אזעלכע מאָמענטן וואָלטן אין די רייען פון די רעוואָליוציאָנערן ניט זיין קיין וואַקעלדיקע עלעמענטן. האָפן אויף דעם וואָלט הייסן ניט רעכענען זיך מיט דעם קלאסן־כאראקטער פון דער איבערקערעניש, מיט

דער נאַטור פון די פּארטייען און פון די פּאָליטישע גרופּירונגען.

און אַט אַז מיר װעלן אַ קוק טאָן אויפ'ן גאַנצן סכום פון די פּאָליטישע שטרעמונגען אין רוסלאַנד פונ'ם שטאַנדפּונקט פון די אויפגאַבן, װעלכע שטעהן איצט אויפ'ן סדר היום, די אויפ־גאַבן פון אָרגאַניזאַציע, דיסציפּלין, קאָנטראָל און אַז. װ., װעלן מיר זעהן, אַז די גרופּירונג איז דאָ אַ גאַנץ קלאָרע, אַז אין דעם לאַגער, װעלכער פאַר־אייניגט דעם „איינהייטליכן דעמאָקראַטישן פראָנט" פון מילוקאָװ'ן ביז מאַרטאָװ'ן, מאַכט מען קיין שום פּרוב ניט אָפּצושאַצן די װיכטיקייט פון דער אויפגאַבע לויט איר אינהאַלט. אין דעם לאַגער איז דאָ נור איין בייזער װילן—װאָס בייזער ער איז אַלץ בכבוד'יקער איז ער פאַר אונז—געפּי־נען אַ װעלכע עס איז מעגליכקייט, חאַטש אַ װאונק אויף אַ מעגליכקייט אָראָפּצואװאַרפן די ראַטן־מאַכט,—מער גאָר נישט.

ליידער, האָבן גראַדע יענע פאַרשטעהער פון די לינקע עס־ער'ן װעלכע האָבן אַרויסגעװיזן אַ גרויסע איבערגעבנהייט דער רעװאָליוציע, מענשן מיט אַפּולע ענערגיע און אַרבעטס־פעהיקייט, גע־נומען װאַקלען זיך אין דער פראַגע, געמליך אין דער פראַגע װעגן די אויפגאַבן פון דעם איצטיקן מאָמענט, װעגן די אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרי־שער דיסציפּלין, אָרגאַניזאַציע און קאָנטראָל. דאָס זיינען אויפגאַבן, װעלכע זיינען געװאָרן גאַנץ נאַ־טירליכע פאַר סאָציאַליסטן פון דעם מאָמענט אָן,

אין וועלכן די ארבעטער און די פויערים האָבן ער־קעמפט די מאכט, אין וועלכן די מיליטערישע אָנ־גריפן פון די קערענסקי'ס, קאָרנילאָוו'ס, קראס־נאָוו'ס, גענעצקארי'ס און אלעקסעיעוו'ס זיינען אָפּגעשלאָגן געוואָרן.

איצט אז מיר זיינען אריינגעטראָטן אין רעכטן מיטן פון דער רעוואָליוציע, האנדלט זיך עס ווען דעם, צי וועט זיגן די פּראָלעטארישע דיס־ציפּלין און אָרגאניזאציע, אָדער עס וועט זיגן די קליין־בירגערליכע סטיכיע, וועלכע איז איבער־הויפּט זעהר שטארק אין רוסלאנד.

דער וויכטיקסטער פּונקט, אין וועלכן אונזערע קעגנער פון קליין־בירגערליכן לאגער קעמפן מיט אונז, איז דער פּונקט ווען אונזער אינערליכער פּאָ־ליטיק און עקאָנאָמישן בויען זייער וואפן איז—ארונטעררייסן דאָס אלץ, וואָס דער פּראָ־לעטאריאט רעקרעטירט און וואָס ער שטרעבט צו פארווירקליכן אין דעם פּראָצעס פון בויען אָנ'אָר־גאניזירטע סאָציאליסטישע ווירטשאפט. דאָ טרעט ארוים דער קליין־איינענטימער מיט זיין ווילדן עגאָאיזם אלס א שטארקער קעגנער פונ'ם פּראָלע־טאריאט; אין דעם פּונקט געהט די קליין־בורזשו־אזיע אוועק זייער ווייט פון אונז, ווייטער ווי זי איז ווען עס איז אוועק פאר דער גאנצער צייט פון דער רעוואָליוציע. און עס איז גאנץ נאטירליך, אז אין דעם לאגער האָבן מיר די שטארקסטע אָפּאָזי־ציע אין דער פראגע ווען ערלעזן די וויכטיקסטע אויפגאבן, וועלכע שטעהן איצט פאר אונז. דאָס איז

אַנ׳אָפּאָזיציע פון מענשן, וועלכע זיינען פּרינצי־פּיעל מיט אונז איינשטימיק, וועלכע אונטערשטיצן אונז אין פיל וויכטיקערע פראַגן, אלס די, וואו זיי קריטיקירן אונז; דאָס איז אַנ׳אָפּאָזיציע אינאיי־נעם מיט אַנ׳אונטערשטיצע.

דער חבר לענין ברייננט צוויי ציטאַטן: איי־נע פון דעם אָרגאַן פון די לינקע עס־ער׳ן „זנאַ־מיאַ טרודאַ", וועלכע שיט פּעך און שוועבל אויף די ראַטן־מאַכט פאַר איר „קאַפּיטולאַטאָר־סקע" פּאָליטיק, און די צווייטע פון „קאָמוניסט" (דער אָרגאַן פון די בוכאַרינצעס) וועלכער קעמפּט מיט דער ראַטן־מאַכט פאַר דאָס, וואָס זי איז אוועקגעגאַנגען רעכטס (די טעזיסן פון „קאָמוניסט", וועלכע ער שטעלט ארויס אין זיין כאַראַקטעריסטיק פון דער ראַטן־מאַכט, זיינען אין תוך גענומען די זעלבע, ווי די טעזיסן פון איסופן אין מענשעוויסטישן „ווּפּעריאָד"). ענט־פערנדיק אויף די אָנפאַלן — אָנפאַלן פון „אומשרעקבאַרע קעמפער" אויף די „קאַפּיטוליאַ־טאָרן וואָס ווערן אַלץ רעכטער"—רעט ווייטער חבר לענין:

— און אָט, חברים, אַז אונז קומט אויס צו באַ־אָבאַכטן אַזעלכע פּאָליטישע ערשיינונגען, ווי די סאָלידאַריטעט פון „זנאַמיאַ טרודאַ" מיט אַ באַ־זונדער צווייג פון דעם באָלשעוויזם (די קאָמו־ניסטן) אָדער מיט טעזיסן פון די מענשעוויקעס, — טעזיסן פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָט בלאָ־קירט מיט קערענסקי׳ן, — ווערט אונז קלאָר, אַז

דאָ איז עפּעס ניט גלאַט, אַז מיר קאָנען געפינען דאָ עפּעס אַזוינס, וואָס וועט פאַר אונז קלאָר מאַכן די אמת'ע באַדייטונג פון די אָנפאַלן, און אַז אויף די אָנפאַלן לוינט זיך אָפּצושטעלן, ווײַלע אין א שטרייט מיט מענשן, מיט וועלכע עס איז אינטערעסאַנט צו שטרייטן, וועלן מיר קאָנען אויפקלערן די הויפּט־אויפגאַבן פון דער ראַטן־מאַכט. און אינטערעסאַנט מיט זיי צו שטרייטן איז דערפאַר, ווײַלע מיר האָבן דאָ אי די מאַרקסיסטישע טעאָריע, אי דעם פעסטן ווילן פון מענשן דערשלאָגן זיך דעם אמת. מיט זיי קאָנען מיר שטרייטן אין תוך פון דער פראַגע ווײַלע זיי זיינען איבערגעגעבן דעם סאָציאַליזם און ווילן בלתי ספק שטעלן זיך אויף דער זייט פונ'ם פּראָלעטאַריאַט קעגען דער בורזשואַזיע, וועלכע פעלערן עס זאָל ניט מאַכן דער פּראָלע־טאַריאַט אין קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע נאָך דער מיינונג פון די אדער יענע מענשן, גרופּן אָדער פּאַרטייען.

זאָגנדיק, אַז עס איז אינטערעסאַנט מיט זיי צו פּאָלעמיזירן, מיין איך ניט די פּאָלעמיק אַליין, נור די טעמאַ, וועלכע באַרירט די וויכטיקסטע און די הויפּט פראַגן פונ'ם איצטיקן מאָמענט. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס מיר פּאָלעמיזירן איצט גראַדע אויף די טעמאַ. אויף דער ליניע ליגט איצט די גרונד אויפגאַבע פונ'ם רעוואָלו־ציאָנערן פּראָלעטאַרישן קאַמף, וועלכע ווערט דיקטירט דורך די איצטיקע לאַגע אין רוסלאַנד

און וועלכע מוז געלעזן ווערן ניט קוקנדיק אויף די אלע קליין־בירגערליכע שטרעמונגען. עס איז גאנץ קלאר, אז אין דעם פונקט קאן דער פראָ־לעטאריאט קיין שום הנחה ניט מאכן, ווײַלע די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אָפּגע־נומען די מאכט בא דער בורזשואזיע, רוקט ארויס אויפ'ן ערשטן פלאן די פראגן וועגן דער פראָ־לעטארישער דיסציפלין און אָרגאניזאציע פון די ארבעטענדע, וועלכע מוזן פארשטיין, צוגעהענדיק צו דער ארבעט, וואָס עס פאָדערט די גרויס־אינ־דוסטריע. דיזע פראגן מוז דער פראָלעטאריאט לעזן פראקטיש, אז ניט וועט ער ליידן א פאָל־שטענדיקע מפלה. אָט דאָ, אין דער לעזונג פון די פראגן, ליגט דער אמת'ער שווערפונקט פון דער סאָציליסטישער רעוואָלוציע. און איבער דעם איז טאקע אזוי וויכטיק, אזוי אינטערעסאנט, אין היסטאָרישן און פאָליטישן זין פונ'ם וואָרט, פאָלעמיזירן מיט די לינקע קאָמוניסטן, ניט קוק־קענדיק אויף דעם, וואָס לויט זייערע טעאָרעטי־שע הנחות זיינען זיי אמת'ע קליין־בירגער. דאָס חזר איך איבער איצט און וועל סטארן זיך צו דערווייזן עס. די חברים פון דער גרופע לינקע קאָמוניסטן, ווי זיי זאָלן ניט רופן זיך, צוקלאפּן פריהער פון אלץ זייערע אייגענע טעזיסן. איך גלויב, אז די גרעסטע טייל פון די, וואָס האָבן זיך דאָ צונויפגעקליבן, ווייסן עס אויך, ווײַלע פון מארט אָן האָבן מיר אין די באָלשעוויסטישע קרייזן באהאנדעלט זייערע טעזיסן; און די, וועל־

כע האָבן ניט אינטערעסירט זיך מיט דער גרוי־
סער פּאָליטישער ליטעראַטור, זיינען אויך באַ־
קאָנט מיט זיי א דאַנק דער פּאָלעמיק אויפ'ן
לעצטן אַלרוסלענדישן ראַטן־צוזאַמענפאָר.

אין זייערע טעזיסן, ווי אויך אין די טעזיסן
פון די לינקע עס־ער'ן געפינען מיר פריהער פון
אַלץ דאָס זעלבע, וואָס אין דעם רעכטן לאַגער,
אין דעם לאַגער פון דער בורזשואַזיע, — פון
מיליוקאָוו'ן ביז מאַרטאָוו'ן. זיי איז איבערהויפּט
שווער איבערצוטראָגן די איצטיקע אומגליקן
פון רוסלאַנד, דאָס, וואָס זי האָט אָנגעוואָרן דעם
כאַראַקטער פון א גרויסע מלוכה, וואָס פון א
לאַנד און א מלוכה, וועלכע האָט אונטערדריקט
אַנדערע איז זי געוואָרן א לאַנד, וועלכע ווערט
אונטערדריקט. זיי איז שווער צו באַשליסן, און
שוין ניט אויפ'ן פּאַפּיר, נאָר אין לעבן, די פראַ־
גע, צי לוינט צו געהן צום סאָציאַליזם, צו א סאָ־
ציאַליסטישע רעוואָלוציע, ברייננענדיק פאַר א
קרבן די נאַציאָנאַלע אונאָפּהיינגיקייט פון רוס־
לאַנד, איבערלעבענדיק די שווערסטע מפלות.

און אין דעם געהן מיר זיך טיף פאַנאַנדער.
פאַר אונז איז קלאָר, אז א סאָציאַליסטישע רע־
וואָלוציע אין א צייט פון א מורא'דיקן וועלט־
קריג, פון א וועלט שחיטה, קאָן ניט דורכגעהן
פאַר אַפּולע פעלקער, וועלכע האָבן פריהער אונ־
טערדריקט אַנדערע, אָן שווערע מפלות, און באַ־
וואוסטזיניקע סאָציאַליסטן געהן איין אויף דעם,
ווי שווער דאָס זאָל ניט זיין פאַר דער מענש־

הייט. אין דער פראַגע האָבן זיך מער ווי אומע־
טום אַרויסגעוויזן די ספקות פון לינקע עס־ער׳ן
און איצט פון די לינקע קאָמוניסטן.

די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט גיבן זיי אָפּ
דער פראַגע וועגן שלום. זיי סטאַרן זיך צו דער־
ווייזן, אַז אינ׳ם שליסן פונ׳ם שלום האָט זיך
בולט אַרויסגעוויזן די פּסיכאָלאָגיע פון אַ פּאַר־
מאַטערטער און דעקלאַסירטער מאַסע. זיי דער־
מאָנען אַלץ, אַז ביים אָפּשטימען די פראַגע וועגן
שלום זיינען 18 שטימען געווען קעגן און 28 פאַר.
נאָר אויב אַזוי טאָ לאָמיר דערמאָנען זיך די
אָפּשטימונגען וואָס זיינען געווען שפּעטער. אויב
מיר ווילן צוגעבן אַוועלכע עס איז פּאָליטישע
באַדייטונג דער אָפּשטימונג, טאָ לאָמיר דערמאָ־
נען זיך אויך די אָפּשטימונג אויף דעם אַל׳אוק־
ראַינישן ראַטן־צוזאַמענפאָר. איידער מיר זאָגן,
אַז דער געזונטער דרום איז געווען קעגן שלום,
און נור דער פאַרמאַטערטער, דעקלאַסירטער,
אינדוסטריעל־שוואַכער צפון איז געגועין פאַר׳ן
שלום, דאַרף מען זיך דערמאָנען די מיינונג פון
דער גרעסטער טייל פּראַקציעס אויפ׳ן אַלרוס־
לענדישן ראַטן־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן עס איז
קיין צענטע טייל שטימען ניט געווען קעגן שלום.
אויב מיר ווילן רעדן וועגן ציפער און צוגעבן זיי
אַ פּאָליטישע באַדייטונג, טאָ לאָמיר רעדן וועגן
דער פּאָליטישער אָפּשטימונג אין גאַנצן און דאַן
וועט איר זעהן, אַז די פּאַרטייען, וועלכע האָבן
אויסגעלערנט געוויסע לאָזונגען און געמאַכט זיך

פון זיי אנ׳אפגאט, זיינען געווען אויף דער זייט פון דער קליין־בורזשואזיע, אבער די גאנצע מאַסע ארבעטענדע און עקספּלואטירטע, די גאנצע מאסע ארבעטער, פויערים און סאלדאטן האבן ניט אפגעווארפן דעם שלום. אויב מיר זאלן רעדן וועגן דעם דעקלאסירטן עלעמענט, איז טאקע די דעקלאסירטע אינטעליגענץ געווען קעגן שלום. אבער די מאסע ארבעטענדע איז געווען אין דער פראגע וועגן שלום אויף אונזער זייט.

עס איז קלאר, אז דער שלום, צו וועלכן מיר זיינען געקומען, איז אויפ׳ן העכסטן אופן ניט קיין פעסטער, אז די פערעדישקע, וועלכע מיר האבן באקומען, קאן מען אלע טאג ארונטעררייסן אי פון מערב אי פון מזרח, — אין דעם קאן קיין שום ספק ניט זיין. אונזער אינטערנאציאנאלע לאגע איז אזא קריטישע, אז מיר מוזן אנשטרייינגען אלע כחות צו האלטן זיך וואס לענגער ביז וואנען עס וועט צייטיק ווערן די רעוואלוציע אין מערב־אייראפא; וועלכע וואקסט, אמת אפילו פאמעליכער אלס מיר האבן ערווארט און געוואלט, אבער וועלכע וואקסט דאך; זי פארכאפּט בלי ספק און זוינגט איין אלץ מער און מער ברען־מאטעריאל.

אויב מיר, אלס א באזונדערע גרופע פונ׳ם אלוועלטליכן פראלעטאריאט, האבן זיך די ערשטע ארויסגערוקט פארויס, איז עס ניט דערפאר, ווייל די גרופע איז פעסטער ארגאניזירט. ניין, זי איז שוואכער, ווייניקער ארגאניזירט, אלס

אַנדערע; אָבער עס וואָלט גֶעווען דער גְרעסטער פערדאנטיזם און נאַרעשקייט קְלערן אזוי ווי אפו־לע קלערן: יאָ, ווען עס וואָלט אָנגֶעהויבן דער טייל, וואָס איז בעסער פון אַלעמען אָרגאַניזִירט, און נאָך אים וואָלט געגאַנגֶען דער, וואָס איז ווייניקער אָרגאַניזירט, נאָכדעם דער, וואָס איז גאָר שלעכט אָרגאַניזירט, דעמאָלט וואָלטן מיר גערן גֶעווען אָנהעננֶער פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. ווִיבאלד אָבער אז עס איז ארויסגֶע־קומען, ניט ווי אין ביכעל שטעהט גֶעשריבן, ווי־באלד אז עס האָט זיך ארויסגֶעוויזן, אז די פאָ־דערשטע גְרופּע ווערט ניט אונטערשטיצט פון אַנדערע, איז אונזער רעוואָלוציע פארמשפט אויף אונטערגֶעהן. מיר אָבער זאָגן: — ניין, אונזער אויפגֶאבע, ווי לאַנג מיר זיינען אליין, באַשטעהט אין דעם, אז מיר זאָלן די רעוואָלוציע ווי ווייט מעגְליך אונטערהאַלטן, ווי שוואך און באַשיידן זי זאָל ניט זיין, ביז וואַנען עס וועלן צוגֶעהן נאָך גְרופּן פון אנדערע לענדער. וואַרטן ביז די גֶעשיכ־טע וועט א שטופּ טאָן די סאָציאַליסטישע גְרו־פּעס פון פארשידענע לענדער אין א שטרענגֶער אָרדנונג און פלאַנמעסיגְקייט ווי מיר ווילן עס, הייסט ניט האָבן קיין פאָרשטעלונג וועגן א רע־וואָליוציע איבערהויפּט אָדער אָפּזאָגְן זיך, צוליב איינֶגענער נאַרעשקייט, אונטערצושטיצן די סאָ־ציאַליסטישע רעוואָלוציע. אין דעם מאָמענט, ווען מיר האָבן א פעסטע פּאָזיציע אין רוסלאַנד און קאָנען ניט קעמפן מיט דעם אינטערנאַציאָנאַ־

לען אימפעריאליזם, איז אונזער אויפגאבע און טאַקטיק נור לאווירן, וואַרטן און אָפּטרעטן. איך ווייס גאַנץ גוט, אז דיזע גערדאַנקן קאָנען ניט ווערן פאָפּוליאַר, אז דיזע ווערטער מיינע קאָן מען שטעלן אין א געווייסן צוזאַמענהאַנג מיט דאָס וואָרט „קאַ־אַליציע" און עס וועט אַרויסקומען זעהר א פּיקאַנ־טער מאכל. אבער וויפיל אונזערע קעגנער פון רעכט'ס—די בורזשויען, אונזערע נעכטיקע פריינט פון לינקס, די לינקע עס־ער'ן, און אונזערע—איך בין איבערצייגט — נעכטיקע, היינטיקע און מאָרגעדיקע פריינט, — די לינקע קאָמוניסטן, — זאָלן ניט חכמן זיך וועגן דעם און וויפיל באַווייזן זיי זאָלן ניט ברייגען, ווי ריכטיק עס זיינען זייערע קליין־בירגערליכע ספקות אין דער פראַגע (ווילע קיין פאַקטן קאָ־נען זיי ניט מכחיש זיין) וועט עס זיין גאַנץ אומ־נוצליך, ווילע מיר האָבן באַקומען א באַשטע־טיקונג אין די געשעהנישן. מיר האָבן באַקומען א פּערעדישקע נור דערפאַר, ווילע אויפ'ן מערב־פראָנט דויערט נאָך די אימפעריאַליסטישע שלאַכט, אזן אויפ'ן ווייטן מזרח ברענט זיך אַלץ מער פאַנאַנדער די אימפעריאַליסטישע קאָנקור־רענץ. נור מיט דעם ערקלערט זיך די עקזיסטענץ פון דער ראַט'ן־רעפּובליק. עס פאַרשטייט זיך, אַז אונז וועט ניט פאַרטיידיקן ניט די פּאַפּירל, דער שלום־אָפּמאַך, און ניט דאָס, וואָס מיר ווילן ניט מלחמה האַלטן מיט יאַפּאַן; אויב זי וועט דאַרפן ראַבעווען וועט זי ניט אָפּשטעלן זיך פאַר

קיין שום אָפּמאַכן און פאָרמאַליטעטן. אונז וועט פאַרטיידיקן ניט דער פאַפּירענער אָפּמאַך אָדער דער „שלוב־צושטאַנד”, נאָר דער שלאַכט צווישן די צוויי גיגאַנטישע אימפּעריאַליזמען אויפ׳ן מערב־פראָנט און אונזער אויסגעהאַלטענקייט.

מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן די גרונד־לעקציע פון מאַרקסיזם, וועלכע עס האָט אַזוי באַשיינפּערליך באַשטעטיקט די רוסישע רעוואָליוציע: נור צעהנדליקער מיליאָנען ווירקן אין דער געשיכטע, קלענערע קרעפטן רעכענען זיך ניט, זיי וואַרפט די פּאָליטיקע אָפּ, ווייל זיי האָבן ניט קיין באַדייטונג. אויב מיר זאָלן פון דעם שטאַנדפּונקט אַ קוק טאָן אויף די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָליוציע וועט פאַר אונז ווערן די זאַך גאַנץ קלאָר: אין אַנ׳אָפּגעשטאַנענע לאַנד קאָן זיך גיכער אָנהויבן אַנ׳אויפשטאַנד, ווייל דער קעגנער איז פאַרפוילט, ווייל איר בורזשואַזיע איז ניט אָרגאַניזירט, אָבער כדי צו פירן ווייטער די רעוואָליוציע מוז מען זיין הונדערט טויזנט מאָל מער פאַרזיכטיק און אויסגעהאַלטן. אין מערב־אייראָפּאַ וועט עס זיין גאַנץ אַנדערש, דאָרטן איז אַסך שווערער אָנצוהויבן, אָבער עס וועט זיין אַפּולע גרינגער צוגעהן ווייטער. און עס קאָן אַנדערש ניט זיין, ווייל דאָרטן איז דער פּראָלעטאַריאַט אַ סך בעסער אָרגאַניזירט. אָבער כל זמן מיר זיינען אַליין, מוזן מיר, רעכענענדיק זיך מיט אונזערע כחות, זאָגן: ביז וואַנען עס האָט ניט אויסגעבראָכן די אייראָפּייאישע רעוואָליוציע,

וועלכע וועט אונז באפרייען פון אלע שוועריקייטן, האָבן מיר נור איין שאנס אויף צו האלטן זיך ווייטער, נעמליך, אז דער קאמף צווישן די אינטערנאציאָנאלע גיגאנטן - אימפעריאליסטן זאָל דויערן ווייטער. דעם שאנס האָבן מיר ריכטיק אריינגערעכנט אין חשבון שטימענדיק פארן שלום. ער קאָן פלאצן מאָרגן, ביז וואנען אָבער ער האלט זיך מוזן מיר אין אונזער אויסערליכער פאָליטיק האלטן זיך ביי דער טאקטיק, וועלכע מיר האָבן אנגעהויבן אין מארט און וועלכע מ'קאָן פארמולירן מיט די ווערטער: לאַווירן, אָפטרעטן, אויסווארטן, אז די לינקע קאָמוניסטן ריידן וועגן „אנ'אַקטיווער אויסערליכער פאָליטיק", אז מ'נעמט דעם אויסדרוק „די פארטיידיקונג פון דעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאנד" אין געזונפיסלאך, ווי אנ'איראָנישן אויסדרוק, קלער איך בא זיך: די מענשן פארשטייען גאָר נישט אין דער לאגע פונ'ם מערב־איראָפייאישן פראָלעטאריאט. זיי האָבן דעם זעלבן טעות ווי די קליין־בורשואזיע, וועלכע זעהט אין דער רעוואָליוציע א גאראנטיע פון אנ'איינגענטימליכן אָרדנונג. די אינטערנאציאָנאלע כחות־פארהעלטניסע זאָגן אונז קלאָר: דער רוסישער בירגער, וועלכער וואָלט זיך געשטעלט די אויפגאבע, נעמענדיק אין אכט נור די כחות פונ'ם רוסישן פאָלק, צו פארניכטן דעם אינטערנאציאָנאלן אימפעריאליזם, וואָלט געוועזן א משוגה'נער. און ביז וואנען די רעוואָליוציע אין מערב־איראָפא ווערט רייף איז

אונזער אויפגאבע פאָלגענדע: מיר, וועלכע זיינען אוועק פאראויס, ניט קוקענדיק אויף אונזער שוואכקייט, מוזן אלץ טאָן, מוזן אויסנוצן יעדער שאנס כדי צוהאלטן זיך אויף די אויסגעקעמפטע פּאָזיציעס, כדי מיר זאָלן קאָנען אָפּשטופּן אויף עטליכע וואכן דעם קלאפּ, וועלכן עס וועט אונז געבן דער פאראייניגטער אימפּעריאליזם. אויב מיר וועלן אזוי טאָן, וועלן מיר געהן אויף דעם וועג, וועלכן יעדער באוואוסטזיניקער ארבעטער אין מערב־אייראָפּא וועט געפינען פאר ריכטיק, ווייל ער ווייס, אז ענגלאנד און פראנקרייך לער־נען שוין הונדערטער יאָרן דאָס, וואָס מיר לער־נען ערשט פון 1905 יאָר; ער ווייס ווי לאנגזאם עס וואקסט די רעוואָליוציע אין א פרייער געזעל־שאפט, וואו די בורזשואזיע איז פאראייניגט און שטארק. ער ווייס אויך, אז קעגן אזעלכע כחות וועלן מיר קאָנען קעמפן נור שטעהנדיק אין איין רייע מיט דעם ענגלישן, פראנצויזישן, דייטשן פּראָלעטאריאט. ביז דעמאָלט, ווי טרויעריק דאָס זאָל ניט זיין, ווי דאָס זאָל ניט זיין קעגן אונזערע רעוואָליוציאָנערע טראדיציעס, מוזן מיר האָבן נור איין טאקטיק: ווארטן, לאווירן און אָפּטרעטן.

און אז מ׳זאָגט, אז מיר האָבן ניט קיין אויסער־ליכע אינטערנאציאָנאלע פּאָליטיק ענטפער איך: יעדע אנדער פּאָליטיק וואָלט געווען אבאוואוסט־זיניקע אָדער אומבאוואוסטזיניקע פּראָוואָקאציע און וואָלט געמאכט פון רוסלאנד א געצייג פון

א פארבאנד מיט די אימפעריאליסטן פון טשכענ־קעלי׳ס אָדער סעמיאָנאָוו׳ס חדר.

בעסער צו ווארטן און לײדן, בעסער ארײ־בער צוטראָגן נאָך גרעסערע נאציאָנאלע און מלוכה־ערנידרונגען, נור בלײבן אויפ׳ן פּאָסטן, ווי א סאָציאליסטישע גרופּע, וועלכע איז איבער געוויסע סבות געבליבן אלײן און וועלכע מוז ווארטן, ביז די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע אין אנדערע לענדער וועט קומען איר צו הילף. און זי געהט אונז צו הילף. לאנגזאם, נור זי געהט. און דער שלאכט וועלכער דויערט נאָך אויפ׳ן מערב־פראָנט, רעוואָלוציאָניזירט די פאָלק׳ס־מאסן מער ווי פריהער און דערנעהנטערט דעם מאָמענט פונ׳ם אויפשטאנד.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פראגע וועגען אונזער אויסערליכער פּאָליטיק לענגער ווי איך האָב געוואָלט, נור מיר דוכט זיך, אז אין דער פראגע מערקן זיך בולט אָן צוויי גרונט־ליניען:—די פראָלעטארישע ליניע, וועלכע זאָגט, אז די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע איז טײערער און העכער פון אלץ און מ׳דארף נעמען אין אנ־בעטראכט די באוועגונג, וועלכע וועט באלד אויפ־הויבן זיך אין מערב־אײראָפּע,—און די צווײטע ליניע—די בורזשואזע, פאר וועלכער די גרויס־מלוכה׳שאפט און די נאציאָנאלע אונאָפּהענגי־קײט איז טײערער און העכער פון אלץ.

אין די פראגן פון אונזער אינערליכער פּאָלי־טיק ברײנגען די לינקע קאָמוניסטן קעגן אונז

אזעלכע באווייזן ווי די פארשטעהר פונ'ם בורזשואזן לאגער. דהיינו די לינקע קאמוניסטן זאגן, אז אין אונזער פאליטיק באמערקט זיך א נייגונג אויף רעכטס און דאס קאן פירן די רעוואָליוציע אויפ'ן וועג פונ'ם מלוכה־קאפיטאליזם.

די עוואָליוציע אין דער ריכטונג פונ'ם מלוכה־קאפיטאליזם—אָט דאָס איז די בייז, דער שונא, מיט וועלכן מיר דארפן קעמפן.

אז איך לייען אין דער צייטונג פון די לינקע קאָמוניסטן וועגן דער געפאר וואָס דראָהט אונז, פרעג איך, וואָס איז געוואָרן מיט די מענשן, ווי קאָנען זיי צוליב שמות פארגעסן די ווירקליכ־קייט. די ווירקליכקייט לערנט אונז, אז דער מלוכה קאפיטאליזם וואָלט געווען פאר אונז א טריט פאראויס.

אויב מיר וואָלטן געקאָנט אין רוסלאנד אין א קורצע צייט פארווירקליכן דעם מלוכה־קאפי־טאליזם וואָלט עס געווען פאר אונז א נצחון. ווי אזוי זעהן זיי ניט, אז די קליין־בורזשואזיע, דער קליין־איי̈גענטימער—אָט דאָס איז אונזער שונא. ווי אזוי האָבן זיי געקאָנט האלטן דעם מלוכה־קאפיטאליזם פאר אונזער גרעסטן שונא. ביים איבערגעהן פונ'ם קאפיטאליזם צום סאָצי־אליזם איז אונזער גרעסטער שונא די קליין־בורזשואזיע, אירע געוואוינהייטן, איר עקאָנאָמי־שע לאגע. דער קליין־איי̈גענטימער האָט פריהער פון אלעמען מורא פאר'ן מלוכה־קאפיטאליזם, ווייל ער האָט נור איין פארלאנג—באקומען פאר

זיך וואָס מער, דערשטיקן, פארניכטן די גרויסע ערדאייגענטימער, די גרויסע עקספלואטאטאָרן. און אין דעם אונטערשטיצט ער אונז זעהר גערן. דאָ איז ער מער רעוואָליוציאָנערער געשטימט אלס דער ארבעטער, ווײַלע בא אים איז די שנאה גרעסער. און דערפאר נעמט דער קליין־בירגער אזוי גערן אנ׳אנטייל אינ׳ם פארניכטן די בורזו־אַזיע, אָבער ער טוט עס ניט ווי א סאָציאַליסט כּדי אָנצוהויבן בויען א סאָציאַליסטישע ווירט־שאפט אויפ׳ן פרינציפּ פון א פעסטע ארבעט׳ס־דיסציפּלין, אין די ראמען פון א שטרענגער אָר־גאניזאציע, נור כדי אויסצונוצן פאר זיך דעם נצחון, ארייננכאַפּענדיק וואָס מער. אים אינטערע־סירן אַבסאָלוט ניט די אלגעמיינע מלוכה־אינטע־רעסן, די אינטערעסן פונ׳ם ארבעטענדן קלאס אין גאנצן.

וואָס איז אזוינס מלוכה־קאַפּיטאליזם בא דער ראט׳ן־מאכט? אינ׳ם איצטיקן מאָמענט פאר־ווירקליכן דעם מלוכה־קאפּיטאליזם הייסט דורכ־פירן אין לעבן דעם קאָנטראָל, וועלכן עס פלעגן פריהער מאכן די קאפּיטאליסטישע קלאסן. מיר האָבן א ביישפּיל פון מלוכה־קאפּיטאליזם אין דייטשלאנד און מיר ווייסן, אז זי האָט זיך ארויס־געוויזן העכער פאר אונז. און אויב איר וועט האָטש וויפיל עס איז אקלער טאָן וועגן דעם, וואָס פאר א ווערט עס וואָלט געהאט פאר רוס־לאנד, פאר דער ראט׳ן־רוסלאנד, אזא מלוכה־קאַ־פּיטאליזם, וועט יעדערער, וואָס איז ניט משוגע

און האָט ניט פארשלאָגן זיך דעם קאָפּ מיט אבּסטראקטע טעאריעס, מוזן מודה זיין, אז דער מלוכה־קאַפּיטאַליזם איז פאר אונז א רעטונג. ווען מיר וואָלטן געהאט דעם מלוכה־קאַפּי־טאַליזם אין רוסלאנד, וואָלט דער איבּערגאנג צום סאָציאַליזם געווען גרינג, ער וואָלט געווען אין אונזערע הענט, ווייל דער מלוכה־קאַפּיטאַליזם צענטראליזירט אלעס, רעכנט צונויף, קאָנטראָ־לירט, און דאָס אליין פעלט אונז. אונז דראָהט די געפאר פון דער קליין־בירגערליכער צולאָזענקייט, וועלכע איז צוגעגרייט דורך דער גאנצער רוסישער געשיכטע, דורך איר עקאָנאָמיק און וועלכע לאָזט אונז ניט מאכן דעם טריט, פון וועלכן עס הענגט אָפּ דער ערפאָלג פונ'ם סאָציאַליזם. איך וועל מיך ערלויבּן דערמאָנען אייך, וואָס איך האָבּ גע־שריבּן וועגן דעם מלוכה־קאַפּיטאַליזם מיט איי־ניגע טעג פריהער פאר דער איבּערקערעניש, ווען מ'האָט גערעט וועגן א רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַ־טישע מלוכה—א מלוכה פון קערענסקי'ן, טשער־נאָוו'ן, צערעטעלי'ן, קישקין און אנד., א מלוכה וועלכע איז געשטאנען אויפ'ן בּורזשואזן בּאָדן און איז פון דעם בּאָדן ניט אראָפּ און האָט ניט געקאָנט אראָפּ געהן. איך האָבּ דעמאָלט געזאָגט, אז דער מלוכה קאַפּיטאַליזם איז א טריט פארויס צום סאָציאַליזם איצט, נאָכדעם ווי אין אָקטיאַבּר האָט דער פּראָלעטאַריאַט גע־נומען די מאַכט, אפילו פאבּריקן און זאַוואָדן זיינען קאָנפיסקירט, די בּאנקן און פּאו

שידענע אונטערנעמונגען זיינען נאציאָנאַליזירט, דער ווידערשטאַנד פון דער בורזשואזיע און סאַבאָטאַזשניקעס איז צובראָכן, און איצט, נאָך דעם אַלץ, שרעקן אונז מיט'ן קאַפּיטאַליזם—דאָס איז אַזאַ לעכערליכער און נאַרעשער אויפקלער, אַז עס איז אַ וואונדער, ווי אַזוי האָבן מענשן געקאָנט צו דעם קומען. זיי האָבן פאַרגעסן אַ קלייניקייט, אַז אין רוסלאַנד האָבן מיר אַמענגע קליין־בורזשואזיע, וועלכע פילט מיט דאָס פאַרניכטן פון דער גרויס־בורזשואזיע אין אַלע לענדער, וויל אָבער ניט וויסן פון קיין שום קאָנטראָל און רעכנונג בא זיך אין דער היים,—און אין דעם ליגט ז געפאַר פאַר דער רעוואָלוציע. די קליין־בורזשואזיע פאַרפעסטעט די גאַנצע געזעלשאַפטליכע אַטמאָספער מיט אירע קליינליכע עגאָאיסטישע אינטערעסן און שטרעבונגען, וועלכע דריקן זיך אויס אין דעם, וואָס יעדערער וויל פּשוט וואָס מער באַקומען פאַר זיך און פאַר אַנדערע אַרט אים ניט. דאָס איז געפערליך פאַר דער רעוואָלוציע.

ווען די קליין־בורזשואזיע וואָלט געמוזט אונטערגעבן זיך אַנדערע קלאַסן־עלעמענטן, ווען זי וואָלט געמוזט אונטערגעבן זיך דעם מלוכה־קאַפּיטאַליזם, וואָלט יעדער באוואוסטזיניקער אַרבעטער געמוזט עס באַגריסן, ווײַלע דער מלוכה־קאַפּיטאַליזם בא דער דעמאָקראַטישער אָרדנונג פון קערענסקי'ן וואָלט געווען אַ טריט פאָרויס צום סאָציאַליזם, און בא דער ראַט'ן־מאַכט וואָלט עס געווען דריי פערטל סאָציאַליזם.

אז איך האָב געזאָגט, דאָס מ׳מוז זיך דעם סאָציאַליזם לערנען בא די אָרגאַניזאַטאָרן פון די טרעסטן, אויב מיר ווילן ריכטיק פארשטיין אונזערע אויפגאַבן, זיינען די לינקע קאָמוניסטן געווען שרעקליך אויפגעבראַכט. אבער עס איז דאָך ריכטיק, ניט מיר דארפן זיי לערנען, נור בא זיי לערנען. מיר, באָלשעוויקעס, זיינען געווען גערעכט. מיר ווילן זיך לערנען בא די אָרגאַניזאַטאָרן פון די טרעסטן, און די לינקע קאָמוניסטן ווילן זיי לערנען. אָבער וואָס ווילט איר זיי לערנען? אפשר דעם סאָציאַליזם? די געשעפט׳ס־מענשן, די סוחרים לערנען דעם סאָציאַליזם? ניין, פארנעמט איר זיך מיט דעם, אויב איר ווילט, מיר וועלן אייך אין דעם ניט העלפן. די אינזשענערן, די סוחרים האָבן מיר ניט וואָס צו לערנען. ווען מיר וואָלטן געהאַט א בורזשואַזע רעוואָליוציע, דאַן וואָלטן מיר ניט געהאַט וואָס בא זיי צו לערנען, סיידן וואָס און ווי צו רייסן און מער גאָרנישט; מער וואָלטן מיר ניט געהאַט וואָס בא זיי צו לערנען.

די ערד איינגענטימער מוז מען פארניכטן, די בורזשואַזיע מוז מען פארניכטן; די באָלשעוויקעס זיינען טויזענט מאָל גערעכט און די געשיכטע וועט זיי גערעכט מאַכן, זיי און זייער קאַמף, זייערע געוואַלד־טאַטן בנוגע די ערד־איינגענטימער און קאַפּיטאַליסטן. אין אַלגעמיין און אין גאַנצן גענומען איז דאָס געווען די גרעסטע היסטאָרישע אויפגאַבע, אבער דאָס איז געווען נור דער ער־

שטער טריט. איצט וועלן מיר בא זיי לערנען, ווילע מיר האָבן ווייניק קענטניס. דעם סאָציאליזם פארשטייען מיר, אבער מיר פארשטייען ניט, ווי אזוי צו אָרגאניזירן אלץ אין מיליאנען־מאָסשטאב, ווי אזוי איינצואָרדנען די פארטיילונג פון די פראָדוקטן און אנד. דאָס האָבן אונז די אלטע באָלשעוויסטישע אָנפירער ניט געלערנט. דעם קורס זיינען מיר נאָך ניט דורכגעגאנגען. דעב ערפארן האָט נאָך די באָלשעוויסטישע געשיכטע ניט געהאט. און מיר זאָגן: זאָל דער באטרעפענדער מענש זיין חאָטש אנ׳ארכיזשוליק, אבער ווי באלד אז ער האָט אָרגאניזירט א טרעסט, ווי־באלד אז דאָס איז א סוחר, וועלכער האָט באַשעפטיקט זיך מיט ארגאניזירן די פראָדוקציאָן און מיט׳ן פארטיילן די פראָדוקטן צווישן מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען, וויבאלד אז ער האָט ערפארונג, מוזן מיר בא אים לערנען זיך, און אויב מיר וועלן זיך דאָס בא זיי ניט אויסלערנען, וועלן מיר קיין סאָציאליזם ניט האָבן און די רעוואָליוציע וועט בלייבן אויף דער שטופע, אויף וועלכער זי געפינט זיך איצט. נור די אנטוויקלונג פונ׳ם מלוכה־קאפיטאליזם, דער גענויסטער קאָנטראָל, די שטרענגסטע אָרגאניזאציע און ארבעט׳ס־דיסציפלין וועט אונז ברייגען צום סאָציאליזם. אָן דעם איז קיין סאָציאליזם ניטאָ.

מיר דארפען זיך ניט פארנעמען מיט נארעשע ארבעט: לערנען די ארגאניזאטאָרן פון די טרעסטן,—זיי האָבן מיר ניט וואָס צו לערנען.

זיי דאַרף מען עקספּראָפּריאירן. און מיר טוען עס. דאָס איז ניט שווער צו טאָן; מיר האָבן עס גע־נוג באוויזן און דערוויזן. און יעדער ארבעטער־דעלעגאַציע, וועלכע פלעגט קומען צו מיר און קלאָגן זיך, אז זייער פאבריק שטעלט זיך אָפּ, פלעג איך זאָגן: איר ווילט מיר זאָלן קאָנפיסקירן אייער פאבריק? גוט, מיר האָבן פארטיקע בלאנקן אויף דעקרעטן, דעם דעקרעט וועלן מיר אונטער־שרייבן אין איין מינוט. אָבער צי האָט איר ארייגגע־נומען די פּראָדוקציאָן אין אייערע הענט, צי האָט איר בארעכנט וויפיל איר פּראָדוצירט, צי ווייכט איר דעם צוזאמענהאנג פון אייער פּראָדוקציאָן מיט די רוסישע און אויסלענדישע מערק? און עס פלעגט זיך ארויסווייזן, אז דאָס האָבן זיי נאָך ניט אויסגעלערנט זיך און אז אין די באָלשעוויס־טישע און מענשעוויסטישע ביכלאך איז וועגן דעם גאָרנישט דאָ. אמבעסטן האלט עס בא די ארבעטער, וועלכע פירן דורך די פּרינציפּן פונ׳ם מלוכה־קאפּיטאליזם: בא די ארבעטער פון דער לעדער, וועבער, צוקער־בראנזשע, ווייל זיי פאר־שטייען זייער פּראָדוקציאָן און ווילן זי אנטוויק־לען און פארגרעסערן. זיי זאָגן: מיר וועלן אליין מיט דעם איצט נאָך ניט פארטיק ווערן, וועלן מיר אוועקזעצן קאפּיטאליסטן, אפּגעבן זיי א דריטל ערטער און וועלן זיך בא זיי אויסלערנען. און אז איך לייען בא די לינקע קאָמוניסטן די איראָנישע ווערטער: עס איז נאָך אומבאוואוסט, ווער וועמען עס וועט אויסנוצן, קאָן איך ניט

פארשטיין זייער קורזיכטיקייט. זעלבסטפאר־
שטענדליך, אז אויב נאָכדעם ווי מיר האָבן אין
אָקטיאבר פארכאפט די מאכט, נאָכדעם ווי מירהאָבן
פון אָקטיאבר ביז אפרעל ערפאָלגרייך געקעמפט מיט
דער בורזשואזיע, קאָן מען נאָך זיין אין ספק אין
דעם, ווער וועמען עס וועט אויסנוצן,—דער אר־
בעטער די אָרגאניזאטאָרן פון טרעסטן, אָדער די
בורזשויען וועלן אויסנוצן די ארבעטער, דאן,
פארשטייט זיך, דארף מען איינפאקן דאָס פעקל
און אוועקגעהן, איבערלאָזענדיק דאָס אָרט פאר
מיליוקאָוו'ן און מארטאָוו'ן. די מעשה איז אָבער
ניט אזוי; קיין באוואוסטזיניקער ארבעטער וועט
אייך ניט גלויבן און עס איז לעכערליך מורא צו
האָבן פאר דאָס בא דער דיקטאטור פונ'ם פראָ־
לעטאריאט. געוויס, די ארגאניזאציאָנ'ס־ארבעט,
וועלכע שטעהט אונז פאָר, איז זייער א שווערע,
אָבער קיין שום גרונד אויף ארייננצופאלן אין
ספקות און יאוש זעה איך ניט אין דעם, וואָס די
רוסישע רעוואָליוציע האָט פריהער אָפגעפטר'ט
איין ארבעט, א גרינגערע—פארניכטן די ערד־
אייגענטימער און די בורזשואזיע—און שטעהט
איצט פאר א שווערערע, א סאָציאליסטישע —
מאכן א סך הכל פון דעם אלץ וואָס
מיר האָבן און אָרגאניזירן א קאָנטראָל.
דאָס איז אייגענטליך אזא ארבעט, מיט וועלכער
עס הויבט זיך אָן דער סאָציאליזם, און אלע באַ־
וואוסטזיניקע ארבעטער פארשטייען, אז דאָס איז
אומפארמיידליך. יאָ, די גרעסטע מייל ארבעטער,

וועלכע זיינען בעסער אָרגאַניזירט, וועלכע זיינען געוועזן מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלע פאראייי־נען, זיינען אינגאנצן אויף אונזער זייט. די פראגן, וועלכע עס פרובן אָפּוואַרפן די העררען פון „וופּעריאָד"—וועגן שטיק־ארבעט'ס־לוין און וועגן דער סיסטעם פון טיילאָר,— האָט די גרעסטע טייל־ארבעטער שוין לאנג באהאנדעלט אין די ראַט'ן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען; נאָך פריהער, ווי עס איז געקומען די ראַט'ן־מאכט, האָבן זיי גענומען אויסארבייטן נאָרמען פון אַנ'אַר־בעט'ס־דיסציפּלין. די ארבעטער האָבן באוויזן, אז זיי ווייסן ווי עס געהט די ארבעט אויף די פאבריקן; זיי האָבן פארשטאנען דעם תוך פונ'ם סאָציאַליזם בעסער פאר די, וואָס שיטן מיט רע־וואָליוציאָנערע פראזן און אז עס קומט צו פאר־ווירקליכן זיי אין לעבן, שטעלן זיי זיך, באוואוסט־זיניק אָדער אומבאוואוסטזיניק, אויפ'ן שטאנד־פונקט פונ'ם קליין־בירגער: „דעם רייכן מעג מען פארניכטן, אָבער מיך קאָנטראָלירן—דאָס ניט". דאָס האלט דער קליין־בירגער פאר איבריק, דאָס דארף ער ניט,—אין דעם אבער ליגט די ערבות פון דעם נצחון פון דער רוסישער רעוואָליוציע—אין זעלבסט־דיסציפּלין און אָרגאַניזאציע.

חברים, איך וועל ניט אָפּשטעלן זיך מער אויף איינצעלהייטן, איך וועל אייך זאָגן אין צוויי ווערטער: מ'מוז שרייען, בשעת מענשן ערלויבן זיך צו זאָגן, אז דאָס איינפירן פון אַנ'ארבעט'ס־דיסציפּלין וועט זיין א טריט צוריק. איך מוז

איך זאָגן, אז איך זעה אין דעם אזא אומערהערט רעאקציאָנע זאך, אזא סכנה פאר דער רעוואָליו־ציע, אז ווען איך וואָלט ניט גֿעוואוסט, אז דאָס זאָגט א גֿרופּע, וועלכע האָט ניט קיין שום וויר־קונג און אז מ׳וועט זיי צושלאָגֿן אויף יעדער פארזאמלונג פון באוואסטזיניקע ארבעטער, וואָלט איך גֿעזאָגט: די רוסישע רעוואָליוציע איז פאר־לאָרן. די לינקע קאָמוניסטן שרייבן: דאָס איינפירן פון אנ׳ארבעט׳ס־דיסציפּלין אין צוזאמענהאנג מיט׳ן איינפירן צוריק דעם קאפּיטאליזם קאָן ניט פארגֿרעסערן די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אר־בעט; פארקערט, דאָס וועט פארקלענערן די זעלבסט־טעטיגֿקייט פונ׳ם ארבעטער־קלאַס, זיין אַק־טיווע אָרגֿאניזירטקייט, דאָס דראָהט צו פארקנעכטן אים און ארויסרופן די אומצופרידענקייט פון די אָבגֿעשטאַנענע שיכטן. דאָס איז ניט אמת. ווען דאָס וואָלט גֿעווען אמת, וואָלט די רוסישע רע־וואָליוציע מיט אירע סאָציאַליסטישע אויפגֿאבן, מיט איר סאָציאליסטישען תוך, גֿעהאלטן בא א קראך. אבער דאָס איז ניט אמת. די דעקלאסירטע קליין־בירגֿערליכע אינטעליגֿענץ פארשטייט ניט, אז פאר׳ן סאָציאליזם איז דאָס שווערסטע איינ־פירן אנ׳ארבעט׳ס־דיסציפּלין. וועגֿן דעם האָבן די סאָציאליסטן גֿעשריבן שוין לאנגֿ, וועגֿן דעם האָבן זיי נאָך אין דער ווייטער פארגֿאנגֿענהייט אפּולע גֿעקלערט. זיי האָבן פארשטאנען, אז אין דער פראגֿע הויבן זיך אָן פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע אמת׳ע שוויריקייטן. עס זיינען שוין

ביז אהער ניט איין מאָל געווען רעוואָליוציעס, וועלכע האָבן אָן רחמנות צושמעטערט די בורזשואזיע, ניט ווייניקער ענערגיש ווי מיר. אָבער מיר האָבן באשאפן די ראט'ן־מאכט; מיט דעם האָבן מיר באוויזן, אז מיר גיען איבער פון עקאָנאָמישער באפרייאונג צו ארבעט'ס־זעלבס דיסציפּלין, אז אונזער מאכט איז אויף אַנ'אמת א מאכט פון ארבעט. די דיקטאטור פונ'ם פּראָלעטאריאט באשטעהט בשום אופן ניט אין דעם נור, וואָס מ'ווערט אראָפּווארפן די בורזשואזיע אָדער די ערד־אייגענטימער,—דאָס איז געווען אין אלע רעוואָליוציעס,—אונזער דיקטאטור פונ'ם פּראָלעטאריאט שטרעבט צו גאראנטירן אַנ'אָרדנונג, איינפירן דיסציפּלין און אַ קאָנטראָל, פארגרעסערן די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבעט, פארזיכרן די פּראָלעטארישע ראט'ן־מאכט, וועלכע איז פעסטער ווי די פריהערדיקע. מ'מוז נויטען אלע באוואוסטזיניקע ארבעטער און פּויערים זיי זאָלן אויף דעם אָנשטרייגנן אלע זייערע כחות. מיט דעם, וואָס מיר האָבן פארניכטעט די ערד־אייגענטימער און די בורזשואזיע האָבן מיר נור אָפּגערייניקט דעם וועג, אָבער מיר האָבן נאָך ניט אויפגעבויט דעם בנין פונ'ם סאָציאליזם. אויף דעם באָדן, וואָס איז אָפּגערייניקט פון איין בורזשואזן דור וואקסן אויס שטענדיק אין דער געשיכטע נייע דורות, אויב נור דער באָדן איז פרוכטבאר, און אויף בורזשויען איז דער באָדן זייער פרוכטבאר. און פון יעדער'ן פון די, וואָס זעהן אין אונזער

נצחון אויף די קאַפּיטאַליסטן נור אַ מיטל אריינ־
צוכאַפּן פאַר זיך עפּעס, ווי דאָס טוען די קליין־
בירגער, קומט ארויס אַ נייער דור בורזשויען.
בשעת מ'זאָגט אונז, אַז דאָס איינפירן פון אַנ־
ארבעט'ס־דיסציפּלין אינאיינעם מיט דער אָנפירענ־
דער ראָל, וועלכע מיר גיבן ווייטער די קאַפּיטאַ־
ליסטן, איז כלומרשט אַ סכנה פאַר דער רעוואָ־
ליוציע, זאָג איך די מענשן פארשטייען ניט דעם
סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון אונזער רעוואָליו־
ציע, זיי חזרן איבער דאָס, וואָס פאַראייניגט זיי
גרינג מיט דער קליין־בורזשואַזיע, וועלכע האָט
מורא פאַר דיסציפּלין, אָרגאַניזאַציע, קאָנטראָל,
ווי אַ שד פאַר ווייראַך. די בורזשואַזיע ספּעצי־
אַליסטן האָבן קענטניסע, וועלכע מיר האָבן ניט.
אַ באַוואוסטזיניקער ארבעטער וועט קיין מאָל
ניט מורא האָבן פאַר אַזאַ אָנפירער, ווייל ער
ווייס, אַז די ראַט'ן־מאַכט איז זיין מאַכט, אַז די
מאַכט וועט שטענדיק פארטיידיקן זיינע אינטע־
רעסן און, נעמענדיק אַ קאַפּיטאַליסט פאַר אַנ־
אָנפירער, פארשטייט ער, אַז ער שטרעבט נור
אויסצולערנען זיך די פּראַקטיק פון דער אָרגאַני־
זאַציע.

מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דער צייט
פונ'ם צאַריזם טויזענטער ווייז, אין דער צייט פון
קערענסקי'ן הונדערט מאָל מעהר. דאָס איז אָבער
אַלץ גאָר נישט, דאָס איז אין פּאָליטיק קליינ־
קייטן, וועלכע רעכענען זיך ניט. דאָס איז געווען
אַ פאַרבערייטונג'ס־אַרבעט, אַ פאַרבערייטונג'ס־

קלאַס. און ביז וואנען די באוואוסטזיניקע ארבע־טער וועלן זיך ניט אויסלערנען אָרגאַניזירן אין א ברייטן מאַסשטאַב, ביז דעמאָלט זיינען זיי ניט קיין סאָציאַליסטן און ניט קיין בויער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און וועלן ניט באַ־קומען די נויטיגע ידיעות וועגן אָרגאַניזאַציע. דער וועג פון אָרגאַניזאַציע איז א לאַנגער וועג, און דאָס סאָציאַליסטישע שאַפן פאָדערט א לאַנגע שווערע ארבעט און די געהעריקע קענטני־סע, וועלכע מיר האָבן ניט גענוג. און עס איז א ספק, אויב דער צווייטער דור, א מער אנטוויקעל־טער, וועט פאָלשטענדיק איבערגעהן צום סאָצי־אַליזם.

דערמאָנט זיך וואָס עס האָבן געשריבן די אמאָליקע סאָציאַליסטן וועגן דער צוקינפטיקער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. זיי האָבן פאַר־שטאַנען ווי שווער עס וועט זיין אריבערצוגעהן צום סאָציאַליזם ניט לערנענדיק זיך באַ די אָרגאַ־ניזאַטאָרן פון די טרעסטן, ווייל די לעצטע האָבן פארנומען זיך מיט׳ן פראָדוצירן אין א גרויסן מאַסשטאַב און האָבן א גרויסן ערפארן. מיר דארפן זיי ניט לערנען דעם סאָציאַליזם, מיר דאַרפן זיי עקספראָפּריאירן, איינברעכן זייער סאַ־באָטאַזש, און דאָס האָבן מיר געטאָן. מ׳דאַרף זיי נויטן אונטערצוגעבן זיך דעם ארבעט׳ס־קאָנטראָל. די לינקע קאָמוניסטן ווארפן אונז אויף, אז, א דאַנק אונזער טאַקטיק, געהן מיר ניט צום קאָמו־ניזם, נור צוריק. דאָס איז אָבער לעכערליך; זיי

פארגעסן, אז מיר האָבן פארשפעקטיקט מיט'ן מאכן דעם סך הכל פון דעם אלץ, וואָס מיר האָבן, און מיט'ן איינפירן דעם קאָנטראָל, ווײלע עס איז געווען זייער שווער צו צוברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די קאפיטאליסטן און נעמען זיי צו אונז אויף שטעלעס, זייערע טעכניקער, זייערע בורזשואזע ספעציאליסטן. מיר מוזן אָבער האָבן זייערע קענטניסע, זייער ערפארן און ארבעט, אָן דעם קאָנען מיר אין דער ווירקליכקייט ניט באהערשן די קולטור, וועלכע איז באשאפן געוואָרן דורך די אל־טע געזעלשאפטליכע פארהעלטניסע און איז גע־בליבן אלס דער באזיס פונ'ם סאָציאליזם. אויב די לינקע קאָמוניסטן האָבן עס ניט באמערקט איז עס דערפאר, ווײלע זיי זעהן ניט דאָס ווירקליכע לעבן; זיי קלערן אויס זייערע לאָזונגען אנטקעגנ־שטעלענדיק דעם אידעאלן סאָציאליזם דעם מלוכה־קאפיטאליזם. מיר דארפן אָבער געפינען א מיטל. אין דער מיטל איז איינער: אָרגאניזירט זיך ביז'ן לעצטן מענשן, שאפט א קאָנטראָל אויף דער פראָדוקציאָן און אויף דעם צוטיילן די פראָדוקטן און מאכט, אז מיר זאָלן ניט דארפן דרוקן קיין הונדערטער מיליאָנען רובל און אז יעדערע הונדערט רובל, וועלכע זיינען אָנגעקומען ניט דעם, וועמען זיי האָבן געדארפט אָנ־קומען, זאָלן אריינפאלן צוריק אין מלוכה־קאסע. דאָס קאָן מען מאכן נור דורך זעלבסט־דיסציפלין, דורכ'ן אָרגאניזירן די ארבעט פונ'ם ארבעטער און פויער, דורכ'ן איינפירן אַנ'ארבע־

טער קאָנטראָל. מיר האָבן עס נאָך ניט און דער־
פאַר האָבן מיר גענצאָלט העכערע שכירות ווי די,
וואָס איר האָט באַקומען פון די אָרגאַניזאַטאָרן־
קאַפּיטאַליסטן. דאָס האָבן מיר נאָך ניט אויסגע־
לערנט זיך, מיר דאַרפן אָבער לערנען זיך, דאָס
איז דער וועג צום סאָציאַליזם, דער איינציקער
וועג ווי אַזוי אויסצולערנען די אַרבעטער צו
פאַרוואַלטן מיט קאָלאָסאַלע אונטערנעמונגען, צו
אָרגאַניזירן די גרויס־פּראָדוקציאָן און דאָס צו־
טיילן פון די פּראָדוקטן.

חברים, איך ווייס זעהר גוט, ווי גרינג עס איז,
בשעת וועגן קאָנטראָל, דיסציפּלין און זעלבסט־
דיסציפּלין רעט אַ מענש, וועלכער פאַרנעמט אַ
געוויסע געזעלשאַפטליכע לאַגע, צו חכמה׳ן זיך:
„בשעת אייער פּאַרטיי האָט נאָך ניט געהאַט די
מאַכט האָט זי צוגעזאָגט די אַרבעטער הרים
וגבעות, אָבער ווי נור איר האָט באַקומען די מאַכט
האָט איר אויך אָנגעהויבן רעדן וועגן קאָנטראָל,
דיסציפּלין, זעלבסט־דיסציפּלין און אַנד...״ איך
ווייס זעהר גוט, וואָס פאַר אַ גוטער מאַטעריאַל
דאָס איז פאַר די פּובליציסטן פון מיליוקאָוו׳ס
און מאַרטאָוו׳ס חדר. איך ווייס גוט, וואָס פאַר
אַ רייכער מאַטעריאַל דאָס איז פאַר די מענשן,
וועלכע אינטערעסירן זיך נור מיט דער צאָל פון
די שורות און נוצן אויס די ערטער, וועלכע זיינען
פון דער אויסערליכער זייט וויינִיק באַשיצט, כדי
צו אַנטוויקלען זייערע טעאָריעס, וועלכע רופן

אָבער ניט ארויס קיין מיטגעפיל בא די באוואוסט־זיניקע ארבעטער.

דער חבר לענין לייענט אייניגע ציטאטן פון זיין בוך: „די מלוכה און די רעוואָליוציע“, וואו ער אנטוויקעלט די געדאנקן, וועלכע די ראט'ן־מאַכט שטרעבט איצט צו פארווירקליכן אין לעבן.

וועגן דער רעצענזיע פונ'ם חבר בוכארין אויף דאָס בוך זאָגט דער חבר לענין:

— אין דער צייטונג „דער לינקער קאָמוניסט“ האָב איך געפונען א רעצענזיע וועגן מיין ביכל פון אזא באוואוסטן פובליציסט, ווי בוכארין, און א רעצענזיע א מיטפילענדע, אָבער אלץ, וואָס עס איז געווען אין איר ווערט־פולעס, האָט אנגעוואָרן פאר מיר זיין ווערט בשעת איך האָב דורכגעלייענט די רעצענציע ביז'ן סוף. איך האָב דערזעהן, אז בוכארין האָט ניט געפונען דאָרטן דאָס, וואָס מ'האָט געדארפט געפינען,—און דאָס האָט מיט איהם געטראָפן דערפאר, ווייל ער האָט געשריבן די רעצענזיע אין אפרעל, אָבער אין די ציטאטן האָט ער גענומען דאָס, וואָס עס איז פאר אפרעל שוין אלט געוואָרן, וואָס עס האָט געטויגט פאר נעכטן,—נעמליך, אז מ'דארף פאר־ניכטן די אלטע מלוכה. דאָס איז געווען די אויפ־גאבע פונ'ם נעכטיקן טאָג, מיר האָבן עס שוין אָפּ־געטאָן און מ'דארף געהן פאָרווערטס, מ'דארף קוקן ניט אויפ'ן עבר, נור אויפ'ן עתיד און שאפן די קאָמוניסטישע מלוכה. ער האָט געשריבן וועגן דעם, וואָס עס איז שוין פארווירקליכט געוואָרן

אין די ראט'ן־אָרגאַניזאַציעס און האָט פארשוויגן דאָס, וואָס עס איז נוגע דעם קאָנטראָל, די דיס־ציפּלין. עס איז וואונדערבאר, ווי די פּסיכאָלאָ־גיע פון די לינקע קאָמוניסטן איז ענליך צו דער פּסיכאָלאָגיע פון די קליין־בורזשואזיע: „דעם רייכן דארף מען פארניכטן, אָבער קיין קאָנטראָל דארף מען ניט".

אָט דאָס טיילט זיי אָפּ פונ'ם באוואוסטזיניקן פּראָלעטאריער און דאָס טיילט אויך אָפּ דעם בא־וואוסטזיניקן פּראָלעטאריער פון דער קליין־בורזשוא־זיע, אפילו פון אירע עקסטרעמע לינקע עלעמענטן, — דער לאָזונג פונ'ם פּראָלעטאריער: לאָמיר זיך אָרגאַני זירן און זעלבסטדיסציפּלינירן. אין דעם גיהט זיך דער פּראָלעטאריער פאנאנדער מיט דער קליין־בורזשואזיע, דאָ גיהט די רעוואָליוציע אוועק פון דער קליין־בורזשואזיע. מיר האָבן בא־וויזן אונזער כח אין דעם פארניכטן די ערד־איי־גענטימער און די בורזשואזע, איצט מוזן מיר אויך באווייזן אונזער כח אין זעלבסט־דיסציפּלין און אָרגאַניזאַציע; דאָס דארף זיין פאר אונז קלאָר פון דעם טויזענטיאָריגן געשיכטליכן ער־פארן און דאָס מוז מען זאָגן דעם פאָלק. נור אין אָרגאַניזאַציע און זעלבסט־דיסציפּלין איז דער כח פון אונזער ראט'ן־מאַכט, פון דער ארבעטער־דיקטאַטור, פון אונזער פּראָלעטאַרישן אויטאָרי־טעט. און די קליין־בורזשואזיע באהאלט זיך פון דעם אמת הינטער דער רעוואָליוציאָנערער פראַ־זעאָלאָגיע.

. . .

יאָ, די קליינע אייגענטימער זיינען גרייט צו העלפן אונז, פראָלעטאַריער, פארניכטן די ערד־אייגענטימער און בורזשואזיע. אָבער ווייטער צו־שיידן זיך אונזערע וועגן. זיי האָבן פיינט אָרגאַ־ניזאַציע, דיסציפּלין. און אין דעם הינזיכט וועט אונז אויסקומען צו פירן מיט זיי אַן עקשנות'דיקן אונבּרחמנות'דיקן קאַמף. ווײַלע פאר אונז הויבט זיך גראַדע דאָ אָן דאָס סאָציאַליסטישע בויען. אַז איך ענטפער די, וועלכע זאָגן, אַז זיי, סאָצי־אַליסטן, וועלן געבן די ארבעטער אלץ, וואָס די ארבעטער ווילן, און ויפיל זיי ווילן, זאָג איך, אז דער קאָמוניזם פאָדערט אַן אַנדער פּראָדוקטיווי־טעט. אונזער פּראָדוקטיוויטעט איז צו נידריק— דאָס איז אַ פאַקט. דער קאַפּיטאַליזם לאָזט איבער בירושה, דערהויפּט אין אַ אָבגעשטאַנענע לאַנד, אַ תהום אַזעלכע געוואוינהייטן, אַז אויף אַלץ, וואָס געהערט דער מלוכה, קוקט מען ווי אויף אַ מאַטעריאַל אויף צו פּטר'ן עס. אָט די פּסיכילאָ־גיע פון דער קליין־בירגערליכער מאַסע פילט זיך אויף יעדן טריט. און דער קאַמף וועט דאָ זיין זייער אַ שווערער. נור אַן אָרגאַניזירטער פּראָלע־טאַריאַט קאָן אַלץ אויסהאַלטן. דאריבער האָב איך געשריבן: „ביז וואָנען עס וועט אָנקומען די העכ־סטע פאזע פונ'ם קאָמוניזם, פאָדערט דער סאָצי־

אַליזם דעם שטרענגסטן קאָנטראָל פון דער געזעלשאַפט און פון דער מלוכה". דאָס האָב איך געשריבן פאַר דער אַקטיאַבר־איבערקערעניש און פאָדער עס איצט.

איצט איז געקומען די צייט, ווען מיר האָבן באַקומען די מעגליכקייט פאַרנעמען זיך מיט דעם, נאָכדעם ווי מיר האָבן דערשטיקט די בורזשואַזיע און איר סאַבאָטאַזש. ביז אהער זיינען געווען די העלדן פון דער רעוואָליוציע די רויטע גוואַרדייצעם, וועלכע האָבן געטאָן זייער גרויסע היסטאָרישע אַרבעט. זיי האָבן גענומען דעם ביקס קעגן דעם ווילן פון די הערשענדע קלאַסן. זיי האָבן אָפּגעטאָן אַ וויכטיקע היסטאָרישע אַרבעט. זיי האָבן פאַרניכטעט די עקספּלואַטאַטאָרן און פאַרטיידיקט די אַרבעטער; זיי האָבן קאָנטראָלירט וויפיל יעדער פּראָדוצירט, וויפיל ער אַרבעט און וויפיל ער געברויכט. אָבער קיין אָרגאַניזאַציע האָבן מיר נאָך פאַרלויפיק ניט, און זי איז דער גרונדשטיין און דער פונדאַמענט פון'ם סאָציאַליזם. אויב ווען עס איז דוכט זיך, אז די אַרבעט איז ניט קיין אינטערעסאַנטע, איז עס נור די פאַרשטעהער פון דער קליין־בירגערליכער פוילקייט. איך חזר איבער, אַז מיר האָבן ניט געקאָנט מיט דעם פאַרנעמען זיך כל זמן מיר האָבן

ניט דערשטיקט די אַלעקסעיעוו'ס, קאָרנילאָוו'ס, קע־רענסקי'ס. איצט איז דער מיליטערישער ווידער־שטאַנד פון דער בורזשואזיע דערשטיקט. אונזער אויפגאַבע איז אַוועק זעצן אַלע סאַבאָטאַזשני־קעס אַרבעטן אונטער אונזער קאָנטראָל, אונטער דעם קאָנטראָל פון דער ראַט'ן־מאַכט; באַשאַפן פּאַרוואַלטונג'ס־אָרגאַנען, כדי דער קאָנטראָל זאָל זיין אָרגאַניזירט אויף פעסטע יסודות. די לאַנד געהט אונטער איבער דעם, וואָס אין איר זיינען נאָך דער מלחמה ניטאָ די עלעמענטאַרע באַדינג־גונגען פון א נאָרמאַלן לעבן. אונזערע פיינט זיי־נען פאַר אונז שרעקליך נור דערפאַר, ווייל מיר האָבן ניט אָרגאַניזירט דעם קאָנטראָל. אז הונ־דערטער טויזנט קלאָגן זיך אויפ'ן הונגער און דו ווייסט, אז מיר האָבן ברויט, נור מיר קאָנען אים ניט צוגירן, און אין דערזעלבער צייט לאַכן און שפּאָטן די לינקע קאָמוניסטן פון אזעלכע מיטלען, "היינו, ווי דער אייזענבאַן־דעקרעט, ווילט זיך זיי ־רעגן:

גיט איר אייער פּראָיעקט פון א דעקרעט, איר זייט דאָך בירגער פון דער ראַט'ן־רעפּובליק, מיט־גלידער פון ראַט'ן־אָרגאַניזאַציעס, איר זייט דאָך ניט קיין קריטיקער פון אונטער'ן טויער, ווי די בורזשויען, סוחרים'לאַך און סאַבאָטאַזשניקעס,

וועלכע קריטיקירן נור כדי אויסצוגיסן זייער כעס. איר, אָנפירער פון ראט׳ן־אָרגאניזאציעס, פּרובט געבן אייער פּראָיעקט. אָבער זיי קאָנען אים ניט געבן און וועלן קיין מאָל ניט געבן, ווייל אונזער אייזענבאַן־דעקרעט, איינפירנדיק א דיקטאַטור, איז אַ ריכטיקער און די גאנצע מאסע באוואוסט־זיניקע אייזענבאַן־ארבעטער איז מיט אים צו־פרידן, אומצופרידן זיינען נור די העכערע באַאמ־טע, וועלכע נעמען חאַבאַר. מיט אומצוטרוי פאר־האַלטן זיך צו אים נור די, וועלכע פארהאַלטן זיך איבערהויפּט מיט אומצוטרוי צו דער ראט׳ן־מאכט און וועלכע האָבן נאָך ניט באשלאָסן ווער ס׳איז זיי נאָהענטער: די ראַט׳ן־מאכט אָדער אירע פיינט. אָבער דער פּראָלעטאַר־יאַט, וועלכער האָט געלערנט זיך דיסציפּלין בא דער גרויס־פּראָדוקציאָן, ווייס, אַז מיר וועלן ניט האָבן קיין סאָציאַליזם ביז וואנען די גרויס־פּראָ־דוקציאָן וועט ניט זיין אָרגאניזירט און ביז וואַ־נען מיר וועלן ניט איינפירן נאָך א שטרייננערע דיסציפּלין. דער פּראָלעטאריאַט איז אויף אונזער זייט אין דער פראַגע וועגען דעם אייזענבאַן־דעק־רעט; ער וועט קעמפן מיט דער קליין־בירגערלי־כער סטיכיע און וועט באווייזן, אַז די רוסישע רעוואָליוציע, וועלכע האָט אָפּגעהאַלטן גלענצענדע

נצחונות, וועט אויך מנצח זיין איר אייגענע אומ־ארגאניזירטקייט. און פון די לאָזונגען פונ'ם ערשטן מאַי, רעכענענדיק זיך מיט די אויפגאבן, וועלכע שטעהן איצט אויפ'ן סדר היום, האָט גע־דארפט זיין דער ערשטער: מיר האָבן מנצח גע־ווען דעם קאפּיטאל, מיר וועלן מנצח זיין אויך אונזער אייגענע אומאָרגאניזירטקייט! און נור דאן וועלן מיר קומען צום פאָלשטענדיקן נצחון פונ'ם סאָציאַליזם!

——()∷()——

